# ברודער און שוועסטער

גרויס איז די ליעבע צווישען ברודער און שוועסטער, צעטיילט האבען זיי לאנגע יאהרען פון זיך נישט געהערט געליטען נויט אבער די גרויסע ליעבע האט זיי צוריק פעראייניגט און צוזאמען געפיהרט.

ערצעהלונג פון דער געגענווארט פון

## י. קרעפעל


אייגענטום פונ׳ם פערלאג

שמחה פריינד

פשעמישל




# BRAT i SIOSTRA

OPOWIEŚĆ


Wlasność firmy Nakladowej

SYMCHA FREUND, PRZEMYŚL

1924

# בְּרוּדֶער אוּן שְׁוֶועסְטֶער

גְרוֹיס אִיז דִי לִיעֶבֶּע צְווִישֶׁען בְּרוּדֶער אוּן שְׁוֶועסְטֶער, צֶעטֵיילְט הָאבֶּען זֵיי לַאנְגֶע יָאהְרֶען פוּן זִיךְ נִישְׁט גֶעהֶערְט גֶעלִיטֶען נוֹיט אָבֶּער דִי גְרוֹיסֶע לִיעֶבֶּע הָאט זֵיי צוּרִיק פֶערְאֵיינִיגְט אוּן צוּזַאמֶען גֶעפִיהְרְט.

ערצעהלונג פון דער געגענוואַרט פון

## י. קרעפּעל

אייגענטום פונ'ם פערלאַג

**שמחה פריינד**

## פשעמישל

נאַכדרוק פערבאָטען

## BRAT i SIOSTRA

OPOWIEŚĆ

Wlasność firmy Nakladowej

SYMCHA FREUND, PRZEMYŚL

1924

## א.

אין דעם פּוילישן שטעטיל ל. איז געשעהען אַ גרויס אונגליק.

שלמה'לע, דאָס דריי יעהריגע יונגעלע פון דעם בעקאַנטען סוחר משה גראָסבערג. איז פּלוצים פערשוואונדען.

עס איז געווען אין אַ דאָנערשטאָג, דעם טאָג, אין וועלכען עס קומט יעדער וואָך פאָר דער טאַרג. אין דעם טאָג פלעגען יעדעס מאָל די פּויערים פון די אַרומיגע דערפער קומען אין שטעטיל אַריין, ברענגען זייערע קעלבליך, קיה און אָקסען, פערד און חזרים, הינער און גענז, אייער, קאַרטאָפעל, ווייץ און קאָרן פערקויפען, און פאַר דעם געלייזטען געלד קויפען צוקער, זאַלץ, קאַווע, נאַפט, זייף, הערינג, לעכט, שטיוועל, קליידער, קוטשמעס וכדומה.

דאָס גאַנצע שטעטיל האָט געלעבט פון דעם דאָנערשטאָג. אין דיעזען טאָג פלעגען אַפילו אַלע ליידיגגייערס, אַלע בטלנים און קלויז-יודען ווערען סוחרים, זיך אַרומדרעהען אויף דעם מאַרק, זיך צושמעקען צו יעדען, וואָס וויל קויפען אָדער פערקויפען, און חאַפּען אַ פּאָר פּרוטות מעקלעריי.

דער הויפּטמאַרק איז געווען אויף דעם רינגפּלאַץ. דאָרט אַהין פלעגען זיך די פּויערים צוזאַמענפאָהרען. דאָרט האָט מען געהאַנדעלט און געוואַנדעלט, זיך געדרעהט און אַנדערע געדרעהט אַ קאָפּ. דאָרט זענען אויך פאַרהאַנען געווען אַלע קראָמען פון שטעטיל.

אויך משה גראָסבערג האָט אויף דעם רינג געהאַט זיין געוועלב מיט גוֹיִשער שניט-סחורה, דאָנערשטאָג איז ביי איהם געווען דאָס הויפּטלייזונג. אין דיעזען טאָג פלעגט נישט נאָר ער, אויך זיין ווייב און די ערוואַכסענע קינדער שטעהען אין קראָם און העלפען פערקויפען, אָדער אַכטונג געבען, עס זאָלען נישט פאָרקומען קיין גניבות. דעם גאַנצען טאָג איז די קראָם געווען פול געפּאַקט מיט פויערים, וואָס האָבען געקליעבען סחורות, זיך געדונגען, געקויפט אָדער אַוועקגעגאַנגען מיט גאָר נישט. דעם גאַנצען טאָג פלעגט משה גראָסמאַן און זיינע בני-בית זיצען ווי צוגעקאָוועט צו דער קראָם, נישט עסען און נישט טרינקען, נאָר געאַרבייט אויף אַלע כלים, אַרויסצובערענגען דעם פדיון פאַר דער גאַנצער וואָך.

און אין אַזאַ דאָנערשטאָג איז פלוצים שלמה'לע נעלם געוואָרען.

די גוֹישע דיענסט, וואָס פלעגט תמיד דאָנערשטאָג בלייבען אין דער היים מיט דעם קינד, איז עפּיס קראַנק געווען און געגאַנגען אין שפּיטאָל. מען האָט נישט געהאַט ביי וועמען איבערצולאָזען שלמה'לען און מען האָט איהם מיטגענומען אין קראָם, איהם אַניעדערגעזעצט אויף אַ בענקיל פאַר דער טהיר און יעדע פאָר מינוט אַכטונג געגעבען, וואָס ער טהוט, צי וויל ער נישט עסען וכדומה.

דעם גאַנצען טאָג איז ער געבליעבען אויף זיין אָרט. אַפאָר מאָל אַביסעל אונטערגעוויינט, האָט מען איהם בערוהיגט מיט אַ לעקיכעל, אַ צוקערל, איז ער ווייטער געזעסען רוהיג אַ צייט. ערשט פאַר נאַכט, ווען דער יריד איז געווען אין סאַמע ברען, ווען מען האָט אין אַלע קראָמען געשוויצט ווי להבדיל צו נעילה און זיך געסטאַרעט אַריינחאַפּען נאָך אַביסעל לייזונג, האָט מען אין דעם יונגעל אוי גאַנצען פערגעסען. און

ווען

ווען עס האָט אָנגעהויבען צו טונקלען און דער רינג צו ווערען ליידיג, ערשט דעמילט האָט זיך די מוטער דערמאַנט אין שלמה׳לען און אַרויסגעלאָפען זעהען, וואָס ער טהוט. אָבער פון דעם יונגעל איז נישט געבליעבען אַפילו קיין אָנצייכעניש. ער איז נעלם געוואָרען ווי אַ שטיין אין וואַסער.

עס איז געוואָרען אַ רעש, אַ געפילדער. מען איז געלאָפען צו דער פּאָליציי, געזוכט, נאָכגעפרעגט, געפאָרשט, אפשר האָט אימיצער געזעהען, וואו שלמה׳לע איז אַהינגעקומען. אָבער קיינער האָט נישט געוואוסט פון עפּיס צו זאָגען. ווער האָט זיך אויך געקענט פעראינטערעסירען מיט דעם יונגעל אין דער שעה, ווען מען האָט אַנדערע דאַגות אויף דעם קאָפּ.

נאָר די גוי׳שע וואַסערטרעגערין פון שטעטיל האָט דערצעהלט, אַז עס דאַכט זיך איהר, אַז זי האָט שלמה׳לען געזעהען אויף אַ גוישער פוהר אַרויספאָהרען פון שטעטיל. ער האָט זיך געשפּיעלט מיט אַ בלעכערן פייפערל. אויף דעם וואָגען איז געזעסען אַ פויער און אַ פויערטע. זי האָט לכתחלה נישט דערקענט, ווער דאָס איז, ערשט ווען עס איז געוואָרען דער רעש האָט זי זיך דערמאַנט און מיינט, אַז דאָס האָט געמוזט זיין שלמה׳לע.

מעהר האָט זי נישט געוואוסט צו דערצעהלען און פון איהרע ווערטער האָט מען בלויז געוואוסט, אַז שלמה׳לע איז אַוועק געגנבעט געוואָרען פון אַ פויער, מעהר נישט. מען האָט אַרומגעזוכט אין די אַרומיגע דערפער, אָבער אומזיסט. מען האָט קיין שום שפּור נישט געקענט געפונען.

די פערצווייפעלטע עלטערן זענען אַרומגעפאָהרען צו אַלע גוטע יודען און להבדיל צו ציגיינער און טאָטערנס. אָבער אויך דאָס איז געווען אומזיסט. די גוטע יודען האָבען זיי מבטיח געווען, אַז גאָט וועט העלפען, די טאָטערנס האָבען

עפּ״ס

עפּיס געפּלאַפּעלט פון אַ ווייטער מדינה, פון אַ מלחמה, פון אַ שריפה, פון אַ אומגליק. אָבער קיין שום קלאָרע ידיעה האָט מען פון זיי נישט געקענט אַרויסבעקומען.

די צייט היילט אַלע וואונדען. עס איז אַוועק אַ יאָהר און צוויי און אין שטעטיל האָט מען פערגעסען אין דער גאַנצער מעשה, די עלטערן פון דעם יונגעל האָבען זיך אפילו נישט געקאָנט טרייסטען און פלעגען ביי יעדער געלעגענהייט אָבזיפצען און זיך פרעגען: ווער ווייסט, וואָס אונזער שלמה׳לע טהוט איצט? לעבט ער נאָך? ווי אַזוי געהט עס איהם ביי די גוישע עלטערן? אָבער זיי האָבען זיך געמוזט בעגנוגען מיט דעם זיפץ. זייענדיג פרומע יודען האָט זיי אַם מייסטען געשמערצט, וואָס זייער שלמה׳לע געפונט זיך אין גוישע הענד און נישט וועלענדיג פלעגען זיי אין האַרץ ווינשען, אַז ער זאָל נישט מעהר לעבען. בעסער שטאַרבען, איידער זיין אַ גוי. ער קען אפשר גאָר אַמאָל אויסוואַכסען אַ אַנטיסעמיט, אַ שונא ישראל...

דריי יאָהר נאָך שלמה׳לעס פערשוואונדען האָט זיין מוטער געבוירען אַ מיידעלע. די עלטערן האָבען איהר אַ נאָמען געגעבען שולמית, כדי זיי זאָלען כסדר ווערען דערמאַנט אין שלמה׳לע. דאָס איז געווען זעהר אַ שיינס און אַ וואוילס און טאַטע-מאַמע האָבען זיך מיט איהר געטרייסט נאָך זייער פערשוואונדענעם יונגעלע.

---

## ב.

אין דערזעלבער צייט, וואָס משה גראָסבערג און זיין פאַמיליע האָבען אַזוי שטאַרק געטרויערט נאָך שלמה׳לע, האָט זיך דיעזער געפונען אין אַ פויעריש הויז.

זיצענדיג

זיצענדיג אַזוי אין יענעם דאָנערשטאָג פאַר דעם טאַטענס קראָם, האָט ער דערזעהען אויף דעם רינג, אַ הויזירער פער־קויפען קליינע בלעכענע פייפעליך. דאָס פייפען האָט איהם פערלאָקט און ער איז פאַוואָלינקע צוגעקראָכען צווישען די פויערים ביז צו די פייפעליך. ער האָט זיך אַ צייט צוגעקוקט, ווי פויערים פראָביערען און קויפען די פייפעליך. דערנאָך האָט ער געוואָלט צוריק געהען אויף זיין פריהערען אָרט, האָט אָבער פערגעסען דעם וועג און אָנגעהויבען וויינען.

נישט ווייט איז געשטאַנען אַ פויעריש פאָר פאָלק, וואָס האָבען קיין קינדער נישט געהאַט. די פויערטע האָט צוערשט אַביסעל רחמנות בעקומען אויף דעם קינד און וועלענדיג איהם בערוהיגען, איהם געקויפט אַ פייפעלע. אָבער זעהענדיג ווי שלמה'לע האָט אַזאַ פערגניגען פון דעם פייפען און פערגעסט אין גאַנצען וואו ער איז, האָט זי זיך אַביסעל איבערגערעדט מיט דעם פויער און טאַקי באַלד דאָס יונגעלע אַרויפגעזעצט אויף דעם וואָגען, איינגעשפאַנט די פערד און אַרויספאָהרען פון רינג.

שלמה'לע איז געווען זעהר אַ שיין קינד. ווייל ער האָט געהאַט אַ גוי'שע אַם, האָט ער פערשטאַנען אַ ביסעל אוקראַאיניש און האָט זיך מיט די פויערטע געקענט פערשטענדיגען. זי האָט איהם געגעבען אַ בייגעל צו עסען און זייענדיג מיעד פון גאַנצען טאָג זיצען, איז ער באַלד אַנטשלאָפען געוואָרען.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך געפונען אין אַ פויערישע חאַלופּאַ, דערקענט, אַז ער איז נישט אין דער היים און אָנגעהויבען וויינען. אָבער די פויערטע האָט איהם איינגענומען, געוויזען די בילדער אויף די ווענד, געגעבען אַ שפּיעלעכיל און אַזוי אַרום האָט ער זיך בערוהיגט.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג. שלמה'לע האָט באַלד

פערגעסען

פערגעסען, אַז ער געפונט זיך נישט אין דער היים, פערגעסען אין טאַטע-מאַמע, ברידער און שוועסטער. די פויערטע איז געגאַנגען אַזוי אָנגעטהון און האָט גראָד אַזוי גערעדט, ווי זייער גוי׳שע דיענסט, האָט ער זיך צו איהר צוגעוועהנט און ביסלעכוויז געוואָרען היימיש.

אין דאָרף האָט קיינער נישט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ יודיש קינד. די פויערטע האָט דערצעהלט, אַז דאָס איז דאָס קינד פון איהרס אַ שוועסטער, וואָס האָט געוואָהנט אין דאָרף, עטליכע מייל ווייט און וואָס איז גראָד דעמילט געשטאָרבען. נאָר דעם גלח פון דאָרף האָט זי דערצעהלט דעם גאַנצען אמת און געלאָזט דאָס יונגעל אָבשמד׳ן. ער האָט בעקומען דעם נאָמען סטאַשעק, דער גלח האָט זיך אַפילו צוערשט געקווינקילט, דאָס צו טהון, אָבער ווען ער האָט אין די צייטונגען געלעזען, אַז די עלטערן קעהרען איבער וועלטען וועגען זייער קינד, האָט ער פערשטאַנען, אַז די פויערטע קען אויף זיך האָבען אַ שעהן פעקיל פאַר צוגנבענען אַ פרעמד קינד און ער האָט מסכים געווען, פאַרצונעהמען די טויפע בסוד און צו מאַכען אַ שוויג.

און אַזוי זענען אַוועק עטליכע יאָהר. סטאַשעק איז געגאַנגען אין שקאָלע אַריין, האָט געהאַט אַ גוט קעפיל און דער לעהרער האָט די „עלטערן" געראָטען, איהם לאָזען שטודיערען אויף גלח. אָבער די פויערטע האָט נישט געוואָלט זיין דערוויטערט פון איהר „זוהן". אין דאָרף איז בלויז געווען אַ שקאָלע פון צוויי קלאַסען.

האָט זי סטאַשעק געענדיגט, אויסגעלערנט אַביסעל לעזען און שרייבען און געוואָרען אַ פאַראָבעק ביי זיינע „עלטערן".

אַזוי איז ער ביסלעכוויז אונטערגעוואַכסען און קיין מענש אין דאָרף האָט נישט געוואוסט, אַז ער שטאַמט אָב פון יודען.

ביז

ביז עס האָט זיך אַמאָל, סטאַשעק איז שוין אַלט געווען 14 יאָהר, געטראָפען אַ מעשה: סטאַשעק האָט זיך צעקריעגט מיט אַ אַנדערען פאַראָבעק. עס איז צווישעןביידע געקומען צו אַ געשלעג און בשעת מעשה האָבען זיי זיך ביידע צעריסען די קליידער, האָט דער אַנדערער דערזעהען, אַז סטאַשעק איז גאָר געמל'ט און אָנגעהויבען אין דאָרף דערצעהלען, אַז סטאַשעק איז אַ זשיד.

געגלייבט האָט איהם קיינער נישט. דער גלח האָט יענעם פאַרראָבעק צו זיך גערופען און איהם אָנגעזאָגט זהיר וזהיר, ער זאָל זיך נישט וואַגען, אַרויסצולאָזען אַ פּאַלשען שם אויף סטאַשעק. יענער איז אַ עהרליך קאַטוילישׁ קינד, אַי וואָס ער האָט עפּיס ווי ביי יודען, דאָס קען אַמאָל פּאָרקומען, אַז מען ווערט אַזוי געבוירען.

סטאַשעק אַליין האָט זיינע „עלטערן" געפרעגט, וואָס דעם שם האָט צו בעדייטען. האָבען זיי זיך בעראָטען מיט דעם גלח און איהם דערצעהלט דיעזעלבע מעשה.

אין דאָרף האָט מען שוין אָנגעהויבען פערגעסען אין דעם גאַנצען עסק, טרעפט זיך וויעדער אַ מעשה: סטאַשעק איז שוין אַלט 18 יאָהר, חבר'ט זיך מיט די שיקסעס פון דאָרף, טרעפט ער אָן אויף איינער, וואָס ליובעט זיך מיט אַ אַנדערען פאַראָבעק, קומט עס וויעדער צו אַ שטרייט און וויעדער בעקומט סטאַשעק צו הערען דעם „זשיד"... איצט וויל זיך, דער שם נישט פערגעסען. וואו ער געהט און שטעהט, הערט ער דעם „זשיד"... די שיקסעס פון דאָרף הייבען איהם אָן צו מיידען... קיינע וויל מיט איהם נישט געהען... פרעגט ער וויעדער ביי זיינע „עלטערן" און ביים גלח און בעקומט וויעדער דיעזעלבע תשובה. בערוהיגט ער זיך. אָבער דאָס בלייבען אין

דארף

דאָרף ווערט איהם מיאוס, מעלדעט ער זיך אַלס פּריייוויליגער צום מיליטער...

זיינע „עלטערן" זענען מסכים... אויך זיי איז די מעשה געוואָרען אַביסעל פּריקרע, אַ קשיא אויף אַ מעשה, מען קען נאָך אין שטאָדט געוואָהר ווערען, קענען זיי האָבען אויף זיך אַ פּעקיל, ליעבער זאָל סטאַשעק אַוועק אויף אַ צייט צום מיליטער, וועט מען דערווייל פּערגעסען... סיי ווי סיי וועט ער מוזען דיענען... אַ יונג ווי אַ דאָמב ...

און סטאַשעק ווערד אַ זעלנער, איז זעהר געשיקט און האָט שכל, פּאָרט אַ יודישע קאָפּ. ווערט באַלד געפרייטער, קאַפּראַל און צוגספיהרער... אַ גאַנצער קנאַקער, אַ אונטעראָפיציער, אַ שיינער יונג. לויפען איהם אין שטאָדט אַלע שיקסעס נאָך, האָט ער 20 געליעבטעס, קומט זיך צוזאַמען מיט די אונ-טעראָפיציערען, ווערט אַ בקי אין וועלטזאַכען, לייענט צייטונגען און ווייסט, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך.

ווען ער דיענט אָב זיינע דריי יאָהר, האָט סטאַשעק גאָר וועניג חשק צוריק צו קומען אין דאָרף אַריין. אין דעם שם, אַז ער איז אַ יוד, האָט ער שוין לאַנג פערגעסען. אויך אין דאָרף האָט מען פערגעסען און ווען ער איז אַמאָל אַהיים געקומען אויף, חגא, האָבען זיך אַלע שיקסעס ווענען איהם געריסען ביי די צעפּ... אָבער וואָס וועט ער טהון אין דאָרף, בלייבען אַ פּויער... ניין! ער איז דאָך שוין אַ בעסערער מענש, אַ אונטעראָפיציער.

בלייבען ביים מיליטער, שמעקט איהם אויך נישט. זיין 12 יאָהר אַ נישטפּרייער מענש. ווערען אָפיציער קען ער סיי ווי סיי נישט, ער האָט דאָך נישט שטודיערט. אַפילו פעלדוועבעל קען ער מיט זיינע צוויי קלאַסען פון דער דאָרפשולע נישט ווערען, חאָטשי ער פערשטעהט דאָס גאַנצע ענין מיליטער

בעסער

בעסער פון אַלע אָפּיציערען בלייבען אין שטאָדט, וואָס וועט ער טהון אָהן געלד. זיינע „עלטערן" וועלען איהם פאַר דיעזען צוועק קיין געלד נישט געבען, ווייל זיי ווילען, ער זאָל צוריק קומען אַהיים.

איז נאָר פאַרהאַנען איין ברירה: פאָהרען קיין אַמעריקא.

בלייבט סטאַשעק אַ צייט אין שטאָדט, אַרבייט שווער און ערשפּאָרט זיך דאָס געלד אויף דער הוצאה קיין אַמעריקא, זיינע „עלטערן" דערצעהלט ער צוערשט אַ מעשה, אַז ער מוז נאָך בלייבען אַ יאָהר ביים מיליטער. כדי צו ווערען פעלדוועבעל און איז זיי מודיע פון זיין פּלאַן, אויס צו וואַנדערען קיין אַמעריקא ערשט דעמילט, ווען ער שטייגט שוין אויף דעם שיף.

די פויערטע ווייגט און קלאָגט. אויפגעהאָדעוועט אַ זוהן און איצט איז ער גאָר נעלם געוואָרען. דער פויער האָט אויך עגמת־נפש, זאָגט, אַז דאָס איז אַ עונש דאַפאַר וואָס זיי האָבען צוגעגנב'עט אַ פרעמד קינד, אַפילו ביי אַ יוד, אָבער פאָרט אַ פרעמדס. מען בעראָט זיך וויעדער מיט דעם גלח, הייסט ער מאַכען אַ שווייג. מילא, איז ער געפאָהרען קיין אַמעריקא, אַבי ער לעבט. ער וועט דאָרט „מאַכען" אַביסעל געלד. וועט ער קומען צוריק, ווי עס מאַכען אַנדערע פויערים.

אַ צייט בעקומען די „עלטערן" אַ בריעף פון סטאַשעק. זיי שרייבען איהם אויך. עס געהט איהם נישט פויגעלדיג. ער מוז שווער אַרבייטען און איז איינמאָל אַפילו קראַנק געוואָרען. בעטען זיי איהם אַהיים קומען און שיקען איהם געלד. אָבער ער וויל נישט.

מיט איינמאָל פאַלען זיי ביידע אַוועק. צוערשט דער פויער און עטליכע וואָכען שפּעטער די פויערטע. אַלטע לייט כוין געוועזן. דאצו קרענקונג וועגען דעם זוהן אין דער פרעמד...

בלייבט ער דער יורש פון דער הייזקע און פעלדער, בהכות און בעלי-ביתישקייט. שרייבט איהם דאָס דער גלח. הייסט ער אַלסדינג פערקויפען און איהם שיקען דאָס געלד. זיין וואונש ווערט ערפילט. אַ טייל פון געלד בלייבט ביים גלח אויף „עולמות“. ער ווייסט דאָך, אַז סטאַשעק איז נישט דער יורש... אָבער אויסזאָגען קען ער נישט. פאַר וואָס האָט ער ביז היינט געשוויעגען. און דאַן וועט אפשר סטאַשעק יועלען ווערען ווידער אַ יוד. אַ שאָד אַ נשמה צו פערליערען פאַר דער קאַטוילישער רעליגיע, שווייגט ער ווייטער...

---

### ג.

דער גרויסער שרעקליכער וועלטקריעג איז געקומען. די סערבען האָט זיך פערגלוסט שטיקער פון דער עסטרייכישער מלוכה, די פראַנצויזען האָבען געוואָלט בעקומען צוריק עלזאַס-לאָטרינגען, וואָס די דייטשען האָבען ביי זיי אין יאָהר 1871 צוגענומען, ענגלאַנד האָט כורא געהאַט פאַר דער דייטשער קאָנקורענץ, עסטרייך האָט געציטערט, טאָמער וועט עס ווערען אויס קאַפּעליושמאַכער און קייזער ווילהעלם האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז שטאַרקער פון דער גאַנצער וועלט צוליעב אַלע די זאַכען האָבען מיליאָנען מענטשען פערלוירען דאָס לעבען, מיליאָנען זענען געוואָרען קריפּעל און מיליאָנען זענען פערוואָרפען געוואָרען איבער שבעה ימים.

די מלחמה האָט געדויערט איבער 4 יאָהר און גאַנצע לענדער זענען פערוויסט געוואָרען טויזענדער שטעדט און דערפער זענען געוואָרען חרוב, פעלדער צעטרעטען,ביימער אויסגעהאַקט און וועגען צערשטערט. מאַנכע שטעדט און דערפער, וואָס אַרום זיי האָט זיך אָבגעשפּיעלט די מלחמה, האָבען אין פערלויף

פון

פון דער צייט עטליכע מאָל געביטען די הערשער. באַלד איז אַריין דאָס מיליטער, באַלד דאָס אַנדערע. און יעדער הויפען סאָלדאַטען האָט זיך נוקם געווען דאַפאַר, וואָס זיין שונא איז אויך דאָ געווען און אויסגעגאָסען דאָס בעד האָבען די אונשולדיגע איינוואָהנער.

אין פוילען איז נאָך צוגעקומען אַ בעזונדערע צרה. נאָך צוויי יאָהר נאָכדעם, ווי איבעראַל איז אָבגעשלאָסען געווען דער וואַפענשטילשטאַנד. און דער פריעדען, האָט מען נאָך דאָ געפירט מלחמה, באַלד מיט די באָלשעוויקעס, באַלד מיט די ווייסע מאות פון פעטליורא, באַלד מיט די היימישע אוקראַאינער. און דיעזע מלחמה האָט נאָך צעשטערט און חרוב געמאַכט דאָס, וואָס עס איז געבליעבען פון דער גרויסען קריעג.

אויך אונזער שטעטיל ל. האָט געהאַט אַזאַ גורל. אין קריעג איז עס 10 מאָל אַריינגעפאַלען אין רוסישע הענד און ווידער בעפרייט געוואָרען פון די עסטרייכער און דייטשען. עס האָט אַזויפיעל געליטען, אַז עס איז דאַרין קוים געבליעבען אַ הייזעל גאַנץ. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע סדרה באָלשעוויקען און אוקראַאינער. און ווען מען האָט שוין געמיינט, צו זיין פטור געוואָרען פון אַלע צרות, איז נאָך צו גוטער לעצט געקומען אַ פּאָגראָם און פערענדיגט די אָנשיקענישען.

דריי פולע טעג האָט געדויערט דער פּאָגראָם. כמעט אַלע יודען, וואָס זענען פערבליעבען אין שטעטיל. האָבען איצט פערלוירען דאָס לעבען און זענען אויסגעהרגעט געוואָרען מיט גרויס אכזריות, מען האָט נישט געשוינט קיין קינדער און קיין אַלטע לייט, קיין פרויען און קיין קראַנקע. ווער עס איז די ווילדע ברואים געפאַלען אין די הענד, האָט פערלוירען זיין לעבען. געבליעבען זענען נאָר עטליכע יחידים, וואָס זיי

אין

איז געלונגען, זיך צו פערבעהאַלטען, אָבער אויך זיי האָבען געראַטעוועט בלויז דאָס נאַקעטע לעבען, ווייל די חוליגאַנעס האָבען פערברענט און צוגערויבט אַלסדינג, וואָס איז זיי געפאַלען אין די הענד.

אויך משה גראָסמאַן איז געפאַלען אַ קרבן פון פאָגראָם, ער, זיין פרוי און זיינע צוויי זוהן און צוויי טעכטער. זיי זענען אַלע אומגעקומען אין פייער. זיי האָבען זיך פערבעהאַלטען אין קעלער פון זיין הויז, וואָס איז געווען פערהאַקט מיט אַ שווערען אייזערנעם טהויער. די שונאים האָבען אונטערגעצונדען דאָס הויז און זיי זענען אומגעקומען אין פלאַמען און רויך.

געבליבען איז בלויז, ווי דורך אַ נס, שולמית, וואָס איז שוין דעמילט געווען אַ מיידעל פון 20 יאָהר. זי איז געבליבען לעבען, ווייל אין דער שעה, וואָס דער פאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבען, איז זי צופעליגע געווען ביי איהרס אַ קריסטליכע פריינדין, וואָס האָט זי די גאַנצע צייט בעהאַלטען ביי זיך. ווען אין שטעטיל איז געוואָרען שטיל און שולמית האָט געקענט אַרויסגעהען פון איהר באַהעלטעניש, האָט זי נאָר נאָך געקענט זיין ביי דער לויה פון די פערקויהלטע גופים פון איהרע עלטערן, ברידער און שוועסטער. פאַר גרויס צער איז זי פערפאַלען אין אַ שווערער קראַנקהייט און עס האָט געדויערט חדשים, איידער זי איז געקומען צו זיך.

געבליבען איז זי בערום ובחוסר כל. דאָס גאַנצע שטעטיל איז אויך געווען חרוב און פעראָרימט. האָט זי דאָרט נישט געקענט מעהר בלייבען און מען האָט זי געבערענגט אין דער נאָהענטער גרויסער שטאָדט, וואו מען האָט זי אויס רחמנות גענומען אין אַ יודיש הויז.

יודען זענען רחמנים בני רחמנים. קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט נישט אַזויפיעל צו ליידען ווי יודען. אָבער

אויך

אויך קיין שום פאָלק האָט נישט אַזעלכע צדקה חברות, אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס און רעטונגסקאָמיטעט, ווי יודען. ווען נאָר עס טרעפט זיך חלילה אַ עת-צרה, איז תיכף דאָ די הילף. הקדוש-ברוך-הוא שיקט זיין פאָלק תמיד די רפואה פאַר דער מכה און אין דערזעלבער מאָס, וואָס ער האָט אַרויפגעלעגט צרות אויף יודען. האָט ער זיי געבענשט מיט גוטע הערצער, מיט אָפענע הענד און מיט אַ ברידערליך געפיהל איינער פאַר דעם אַנדערען.

די פאָגראָמס אין פוילען האָט אַראָבגעבערענגט אין דיעזען לאַנד די גרויסע יודישע וועלט-אָרגאַניזאַציעס פון אַמעריקאַ און ענגלאַנד. עס האָבען זיך געבילדעט קאָמיטעטן און מען האָט ווי ווייט מעגליך די אונגליקליכע געהאָלפען, ווער עס האָט געהאַט וועלכע קרובים אין אַמעריקאַ, איהם האָט מען גענעבען אויף הוצאות און געשיקט צו זיי. ווער עס האָט נישט געהאַט, דעם האָט מען פערהאָלפען צו אַ פרנסה אין דער היים, אָדער געשיקט קיין דרום-אַפריקאַ, קאַנאַדאַ, ארץ-ישראל, שווייץ וכדומה. ווען עס זענען פאָריבער עטליכע חדשים נאָך דעם פאָגראָם, האָט מען כמעט אַלע קרבנות געהאַט ווי עס איז פערזאָרגט.

שולמית איז געבליעבען די איינציגע, נישט פערזאָרגטע. זי איז דאָך געווען חדשים לאַנג קראַנק און ביז זי איז געזונד געוואָרען האָט שוין דאָס קאָמיטעט אין שטעטיל געהאַט פערענדיגט די אַרבייט און זיך גענומען צו פערזאָרגען די פאָגראָם-קרבנות פון אַנדערע ערטער, וואָס אויף זיי איז שפּעטער געפאַלען דער שרעקליכער גורל. מען האָט איבערדעם געמוזט אַ צייט אַרומשרייבען און זוכען אַ עצה, ביז מען האָט שולמית געקענט צוזאַמענגעהמען מיט אַ קאָמפּאַניע מיידליך, וואָס זענען געפאָהרען קיין אַמעריקאַ.

אַנקומענדיג

אָנקומענדיג אין האַפען פון נעוויאָרק און ווערען אַריבערגעפיהרט אויף דער אינזעל פון טרעהרען, עליס איילאַנד, האָט שולמית געטראָפען אַ נייע צרה: די פוילישע קוואָטע איז דערווייל געוואָרען פערפולט און מען האָט זי נישט מעהר געוואָלט אַריינלאָזען. די אַמעריקאַנער האָבען זיך דערווייל אַרומגעקוקט, אַז זיי ברויכען נישט מעהר אַזויפיעל איינוואַנדערער ווי פריהער און בעשלאָסען, אַריינצולאָזען יעדעס יאָהר נאָר אַ קליינע צאָהל, וועלכע מען האָט פערטיילט אויף די פערשיעדענע לענדער לויט אַ בעשטימטען פערהעלטניס. דריי פערצענט פון דער צאָהל בירגער פון יעדען לאַנד, וואָס געפונען זיך שוין אין אַמעריקא. אַזוי ווי די עמיגראַציע פון פוילען איז צוליעב דעם קריעג און די שלעכטע צייטען געווען זעהר שטאַרק, איז די צאָהל פון דיעזען לאַנד שוין אין די ערשטע חדשים פון יאָהר געוואָרען פול און מען האָט קיינעם נישט מעהר געוואָלט אַריינלאָזען. און אַזוי איז נגזר געוואָרען אויף שולמית, צוריק געשיקט צו ווערען אַ היים...

אַ היים? דאָס איז אָבער דאָ געווען גרינג צו זאָגען. וואו האָט די אָרימע, עלענדע יתומה געהאַט אַ היים? אָבער וואָס געהט דאָס אָן די איינוואַנדערונגס-בעאַמטען, פאַר וועלכע זי איז בלויז געווען אַ נומער ווי יעדער אַנדערער איינוואַנדערער?

וואָלט זי געווען געקומען תיכף נאָך דעם פּאָגראָם, אַזוי וואָלט זי געקענט אָהן שוועריגקייטען אַריינקומען, ווייל מען האָט פאַר די פּאָגראָם-קרבנות געמאַכט אַ אויסנאַהמע. אָבער שולמית איז געבליבען אין דער היים בערך אַ יאָהר נאָך דעם פּאָגראָם און די בעאַמטען האָבען גע'טענה'ט, אַז מען קען זי נישט פערעכענען פאַר אַזאַ קרבן.

די פערצווייפעלטע לאַגע פון דער אָרימער יתומה האָט טיעף בעריהרט דאָס יודישע קאָמיטעט „הכנסת אורחים“, וואָס

זיין

זיין אויפגאַבע איז, צו שיצען די יודישע עמיגראַנטען און זיך פאַר זיי אָנצונעהמען. דאָס קאָמיטעט האָט געבעטען אין וואַשינגטאָן, מען זאָל שולמית אַריינלאָזען איבער דער קוואָטע, אָבער עס האָט נישט געפּועלט. אַחוץ דעם וואָס מען האָט דאָרט בכלל זעלטען געוואָלט מאַכען אויסנאַהמען, כדי די גאַנצע קוואָטע זאָל נישט בטל ווערען, האָט נאָך שולמית נישט געהאַט אין אַמעריקא קיין שום קרובים און בעקאַנטע און איבערדעם האָט מען פאַר איהרעטוועגען נישט געוואָלט מאַכען קיין שום ערלייכטערונגען.

און אַזוי אַרום איז די גזירה געבליעבען און שולמית האָט געמוזט צוריק איבערגעפיהרט ווערען און דער שיף, מיט וועלכער זי איז געקומען, כדי צו ווערען צוריקגעפיהרט אַ היים.

עס איז גרינג צו פערשטעהען, ווי פערצווייפעלט זי איז געווען. נאָך דעם פּאָגראָם, נאָך דעם פערליערען פון טאַטע-מאַמע אויף אַזאַ שרעקליכען אופן, נאָך אַ לאַנגער שווערער קראַנקהייט, קומט נאָך דאָס נייע פעקיל. זי האָט פערלוירען יעדע האָפנונג און בעשלאָסען זיך צו נעהמען דאָס לעבען.

ביי נאַכט. ווען אויף דער שיף האָבען אַלע שוין געשלאָפען, האָט זיך שולמית אַרויסגעגנבעט פון איהר קאַבינעט און אַרויף אויף דער דעק, זוכענדיג אַ שטיל ווינקעל, וואו זי וועט קענען אַריינשפּרינגען אין ים, קיינער זאָל נישט זעהען.

עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט, אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזען און געמאַכט אונבעקוועם צו בלייבען אויף דער דעק אַפילו פאַר די מאַטראָזען. ווייט און ברייט איז נישט צו זעהען קיין לעבעדיגע נשמה. שולמית קריעכט שטיל ווי אַ קאַץ און אָט האָט זי שוין דערגרייכט די פּאַרענטשע און שפּרינגט אַראָב.

אין דער מינוט האָט זיך אָבער בעוויזען אַ מאַטראָז און האַפּט זי צוריק, ווען זי שוועבט שוין האַלב אין דער לופט.

אויף דער שיף איז געוואָרען אַ ליאַרם. פון אַלע זייטען זענען אָנגעקומען צו לויפען די מאַטראָזען, די אַרבייטער און די אָפיציערען, ווי אויך די פּאַסאַזשיערען וואָס האָבען זיך געפונען אין דערזעלבער לאַגע ווי שולמית און האָבען געוואָלט ווערען צוריקגעשיקט.

שולמית איז פון שרעק און פערצווייפלונג געפאַלען חלשות און מען האָט זי געמוזט איבערפיהרען אין דעם שפּיטאָלצימער פון שיף, וואו דער שיפסדאָקטאָר איז ביי איהר געבליעבען די איבריגע נאַכט און זי געטרייסט, אַז עס וועט אפשר נאָך זיין מעגליך, איהר צו ערלויבען בעטרעטען דעם הייליגען באָדען פון קאָלומבוסעס לאַנד.

דעם אַנדערען טאָג אין דער פריה האָט מען די מעשה געמעלדעט די איינוואַנדערונגסבעאַמטען. זיי האָבען געהאַט פיעל מיטלייד מיט דער פערלאָזענער יתומה, אָבער זיי האָבען גאָר נישט געקענט טהון, ווייל מען האָט שוין פון וואַשינגטאָן בעשטעטיגט די גזירה, זיי האָבען צווישען זיך בעראָטען, אפשר קען מען געפונען אַ וועג און איינער פון זיי האָט זיך דערמאַנט, אַז מען האָט שוין אַמאָל אין אַ עהנליכען פאַל ערלויבט אַ מיידעל צו לאַנדען. ווען עס האָט זיך געטראָפען אַמעריקאַנער בירגער, וואָס האָט מיר איהר חתונה געהאַט.

— איך בין גרייט! רופט זיך אָן איינער פון די יונגערע בעאַמטען, סידניי סמיטה. אויב דאָס קען העלפען, וויל איך מיט דעם מיידעל חתונה האָבען.

די קאָלעגען גראַטולירען איהם און בעגליק ווינשען זיי איהם צו זיין ענטשלוס און דער אָבערקאָמיסער דערקלערט, אַז אַזוי ווי סמיטה איז אַ רעגיערונגסבעאַמטער און מען מעג

צו איהם האָבען פערטרויען, איז געענוג, ווען ער וועט אונטערשרייבען אַ פּאַפּיער, אַז ער פערפליכטעט זיך מיט דעם מיידעל חתונה צו האָבען און ער מוז נישט תיכף שטעלען אַ חופּה, וואָס וואָלט אפשר געווען פאַר דעם דערשראָקענען, פערצווייפעלטען מיידעל נישט אַנגעהנעהם.

סידניי סמיטה אונטערשרייבט דאָס פּאַפּיער און שולמית בעקומט די בשורה, אַז זי ווערט אַריינגעלאָזט. זי ווייסט גאָר אַפילו נישט פאַר וואָס, פרעגט אויך קיין שאלות, נאָר נעהמט צוזאַמען דאָס רעשט ביסעל כחות און פערלאָזט די שיף, ווען סידניי סמיטה קומט זי אָראָבנעהמען.

---

ד.

סידניי סמיטה ברענגט שולמית צו זיך אַהיים און דערצעהלט איהר ערשט, וואָס עס איז געשעהען, ווען זי האָט זיך פון איהר אויפרעגונג און שמערץ אַביסעל ערהאָלט.

שולמית איז צוערשט שטאַרק איבעראַשט און קען זיך נישט ענטשליעסען, וואָס צו טהון. חתונה האָבען מיט סמיטה, איז ער דאָך אַ גוי און זי איז אַ פרומע יודישע טאָכטער, דאָס איינציגע קינד פון איהרע אונגליקליכע עלטערן. ווי וועלען זיי געפינען רוהה אין קבר, ווען אויך זי וועט אויפהערען צו זיין אַ יודישע טאָכטער, ווען אויך זייערע אייניקלען וועלען זיין גוים.

אָבזאָגען איהר רעטער קען זי אויך נישט. ווען נישט ער, וואָלט זי אפשר שוין היינט גאָר נישט געלעבט דען זי וואָלט דעם צער פון דעם צוריקשיקען זעכער נישט געקענט אַריבערטראָגען. איהם אָבזאָגען וואָלט אויך נישט שיין געוועזען איהם מאַכען צום ליגנער אין די אויגען פון זיינע קאָלעגען און זי

וואָלט

וואָלט אפשר געמוזט ווידער פערלאָזען דאָס לאַנד. וואָס וועט זי טהון? וואָס וועט מיט איהר געשעהען?

און אַזוי ווערט איהר האַרץ צוריסען פון אַ שווערען זעלישען קאַמפף. זי האָט זיך מורא, סידניי אַנצופערטרויען, האָט נישט קיינעם, מיט וועמען זי זאָל זיך בעראָטען. זי געהט אַרום ווי אויף דעם עולם התוהו, עסט נישט און שלאָפט נישט, ווערט כסדר בלאַסער און שוואַכער.

איהר חתן פרעגט און בעט, זי זאָל איהם זאָגען, וואָס מיט איהר געהט פאָר. ער שלעפּט זי פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, הייסט איהר פערשרייבען מעדיצינען, וויל זי שיקען אין די בערג, זי זאָל זיך ערהאָלען און ווערט כסדר אומ־צופריעדענער, ווען זי ענפערט איהם תמיד מיט האַלבע ווערטער און עס דאַכט זיך איהם, אַז זי פערשטעהט גאָר נישט צו שעצען דאָס זואָס ער האָט פאַר איהרעטוועגען געטהון.

איינמאָל, ווען זי האָט ווידער אַזאַ שווערען טאָג, ווען זי איז די נאַכט צופאָר געפלאַגט געוואָרען פון בייזע חלומות, ווען עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אָט שטעהען טאַטע־מאַמע לעבען איהר בעטען און קוקען אויף איהר מיט בייזע אויגען, ווען ער האָט זיך ווידער מיט איהר אויסגע'טענה'ט און שליעסליך געדראָהט, אַז אויב זי וועט זיך איהם נישט ענטדעקען און דערצעהלען, וואָס מיט איהר טהוט זיך, וועט ער זיך מוזען פון איהר אָבשיידען, ווייל ער האָט אַ חשד. אויב זי איז נישט פערליעבט אין אַ אַנדערען נאָך פון דער היים — דעמילט פאַסט זי זיך אַ האַרץ און דערצעהלט איהם איהר שווערען נשמה־קאַמפף.

סידניי סמיטה הערט זי רוהיג אויס און פערקלערט זיך. ער האָט ביז איצט גאָר נישט געדאַכט אין דעם, אַז זי איז אַ יודין און ער אַ קריסט. ערשט היינט דערקענט ער, אַז

צווישען

צווישען זיי ביידע איז פאַרהאַנען אַ טיעף וואַסער, וואָס מען דאַרף עס איבערשרייטען. ער אַליין איז אַפילו אַ פּרייזיניגער מענש, עס איז ביי איהם קיין חילוק יוד אָדער קריסט. אָבער ווען ביי איהר איז דאָס אַזאַ שווערער עסק, ווער ווייסט, צי וועלען זיי קענען לעבען אין פריעדען? אפשר איז גאָר נישט גלייך, זיי זאָלען זיך פערבינדען פאַר דעם גאַנצען לעבען?

און איצט ווערט אויך ער געפּלאַגט פון אַ שווערען זעעלישען קאַמפּף. וואָס איז צו טהון? זי איבערלאָזען. ווען ער האָבען געבראָכען זיין וואָרט און וואָס פאַר אַ פּנים וועט ער האָבען פאַר די קאָלעגען. און וואָס וועט מיט איהר געשעהען? החתונה האָבען מיט איהר געגען איהר ווילען, וועלען זיי ביידע האָבען אַ פערשטערט לעבען.

ער בעמיהט זיך איבערדעם, זי אַביסעל צו בערוהיגען.

— מיר האָבען צייט – זאָגט ער – מיר מוזען נאָך נישט אַזוי גיך חתונה האָבען. מיר וועלען וואַרטען, ביז דו וועסט דיך בערוהיגען און קענען מיט אַ קלאָרען שכל דיר די זאַך איבערלעגען. אויך איך וועל נאָכקלערען איבער דעם ענין און זוכען אַ עצה. אפשר וועלען מיר געפונען אַ וועג, עס זאָל זיין גוט פאַר אונז ביידע.

שולמית איז איינפערשטאַנדען. פון דעם טאָג אָן לעבען זיי נישט מעהר ווי חתן כלה, נאָר ווי צוויי בעקאַנטע. זי פאַר זיך און ער פאַר זיך קלערען שטענדיג, וואָס וועט זיין? אָבער זיי רעדען נישט דעריבער און בעמיהען זיך, צו בעהאַלטען די געדאַנקען איינער פאַר דעם אַנדערען.

אַזוי געהט וויעדער אַוועק אַ צייט. שולמית האָט זיך דערווייל אַביסעל בערוהיגט. זי האָט בעקומען אַפּעטיט, האָט געגעסען און געשלאָפען און אָנגעהויבען צו בליהען ווי אַ שעהנע רויז. סידניי האָט זי די גאַנצע צייט געהאַלטען ביי זיך מעהר

צוליעב

צוליעב רחמנות. פערליעבען זיך אין דעם קראַנקען, ווינפנדיגען מיידעל, דאָס וואָלט נישט געווען קיין נאַטירליכע זאַך. איצט אָבער, ווען זי האָט אויפגעבליהט, האָט ער צו איהר געפּאַסט אַ שטאַרקע, ליידענשאַפטליכע ליעבע און עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז ער וועט גאָר נישט מעהר קענען לעבען אָהן איהר.

איבערדעם האָט ער פון צייט צו צייט ווידער אָנגעהויבען צו רעדען וועגען זייער צוקונפט.

און שולמית האָט זיך אַביסעל בערוהיגט און אויך זי האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף סידניי מיט אַנדערע אויגען, ער איז נישט מעהר געווען בלויז איהר לעבענסרעטער, וועמען זי איז שולדיג צו דאַנקען, נאָר איהר געליעבטער. אויך זי האָט געפיהלט, אַז זי וואָלט אָהן איהם נישט געקענט לעבען.

זי איז דערווייל בעקאָנט געוואָרען מיט דעם אַמעריקאַ-נישען לעבען און האָט געוואוסט, אַז דאָ מוז מען נישט דווקא חתונה האָבען אונטער דער חופה. אָדער אין דער קירכע. מען קען חתונה האָבען ציוויל און ער קען זיך בלייבען אַ קריסט און זי אַ יודיש קינד. מען קען אויך געפונען אַ וועג, צו ערציהען די קינדער ווי מען וויל.

און אַזוי האָבען זיי זיך ווידער אַמאָל אויסגערעדט צווישען זיך און זיך געאייניגט אויף דעם פּלאַן, אַז יעדער פון זיי זאָל בלייבען וואָס ער איז. אויב גאָט וועט זיי שענקען קינדער, זאָל דאָס ערשטע קינד ערצויגען ווערען יודיש, די אַנדערע קריסטליך. באופן זה האָט שוין שולמית געקענט זיין זיכער, אַז דאָס אייניקעל פון איהרע עלטערן וועט נישט זיין קיין גוי און זי וועט קענען האַלטען הייליג דאָס אַנדענקען פון טאַטע-מאַמע.

זיי

זיי האָבען איבער געשמועסט אַלסדינג און בעשלאָסען, אין עטליכע וואָכען אַרום צו האַלטען די חתונה.

---

## ה.

די גאַנצע צייט, וואָס שולמית און סידניי האָבען זיך בעקענט און געלעבט אין איינעם, האָבען זיי קיינמאָל נישט געשמועסט פון זיך.

שולמית האָט נישט געקענט די לעבענסגעשיכטע פון איהר חתן און סידניי האָט ניט געוואוסט, וואָס מיט זיין כלה איז ביז צו דעם טאָג, וואָס זי איז אָנגעקומען אין נעוו-יאָרק, געשעהען. אויף אַזויפיעל איז איהם געווען בעקאַנט, אַז זי שטאַמט פון פוילען, אַז איהרע עלטערן זענען געהרג'עט געוואָרען אין אַ פּאָגראָם און אַז זי איז געבליבען אַ אָרימע, עלענדע יתומה.

ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אויפרייסען איהרע וואונדען און זי אויספרעגען, וואָס און ווען. אויך שולמית האָט געוואָלט וואָס מעהר פערגעסען אין איהר טרויעריגער פערגאַנגענהייט און געדאַנקט גאָט, אַז סידניי פרעגט זי נישט און זי דאַרף נישט נאָך אַמאָל דערצעהלען איהר פעקיל צרות.

ווען זיי האָבען שוין געמאַכט די הכנות צו דער חתונה, האָט סידניי ביי איהר גענומען איהר פּאַס און איהרע אַנדערע פּאַפּיערען און דורכלעזענדיג זיי, ווערט ער איבערראַשט.

— זעה נאָר זעה! — זאָגט ער צו זיך — מיין כלה איז גאָר אַ לאַנדסמאַן פון מיר. זי שטאַמט פון דערזעלבער געגענד, ווי איך!

סידניי איז נישט געווען קיין געבוירענער אַמעריקאַנער.

אויך

אויך ער איז געווען פון פוילען און קיין אַנדערער, ווי אונזער בעקאַנטער סטאַשעק.

ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקאַ האָט ער די ערשטע צייט שווער און ביטער געאַרבייט. נישט איינמאָל האָט ער געשלאָפען אויף דער גאַס און געליטען הונגער און דאָרשט. זיין גורל איז געווען ווי דער גורל פון אַלע איינוואַנדערער, וואָס פרשטעהען נישט די שפּראַכע פון לאַנד און ווערען אויס־געבייטעט פון די אַרבייטגעבער.

אָבער סטאַשעק איז פון דער היים געווען אַ גרויסער עקשן און אַ איינגעשפּאַרטער יונג. ליידענדיג הונגער האָט ער אָבגעשפּאָרט די לעצטע סענט און זיך געהאַלטען אַ לעהרער פאַר ענגליש. ווען ער האָט שוין די שפּראַכע אַביסעל פערשטאַנען, האָט ער בעזוכט צוערשט אַ אָבענדשולע, דערנאָך, ווען ער האָט בעקומען דאָס ביסעל ירושה פון זיינע „עלטערן", האָט ער אויפגעהערט צו אַרבייטען און זיך גענומען פלייסיג שטודירען.

אַ אייזערנעם מוח, אַ יודישען קאָפּ האָט ער געהאַט און אַזוי האָט ער באַלד געמאַכט גוטע פאָרשריטע און אין אַ פּאָר יאָהר ענדיגען אַ העכערע שולע.

ער איז דערוויל געוואָרען אַ אַמעריקאַנישער בירגער און אָנגענומען דעם עכט אַמעריקאַנישען נאָמען סידניי סמיטה.

ווען דער וועלטקריעג איז אויסגעבראָכען און אַמעריקאַ האָט זיך אַריינגעמישט, האָט זיך סידניי געמעלדעט אַלס פרייוויליגער סאָלדאַט און פערברענגט די גאַנצע צייט אויף דעם שלאַכטפעלד. די תורה פון מיליטער האָט ער געקענט פון פריהער אָן און איז איבערדעם תיכף אַוואַנסירט געוואָרען און געוואָרען אָפיציער. ער האָט זיך אויך עטליכע מאָל אויסגעצייכענט און בעקומען מעדאַלען פאַר זיין גבורה.

נאָך דעם ענדע פון קריעג האָט מען איהם אַלס דאַנק פאַר זיינע פערדיענסטען געגעבען די שטעלע אַלס בעאַמטער פאַר איינוואַנדערונג.

אין זיין אַמאָליגען פאָטערלאַנד האָט סידניי דערוויייל אין גאַנצען פערגעסען. ער האָט דאָרט קיינעם נישט געהאַט, קיין קרוב, קיין גואל, אַפילו קיין גוטען פריינד, געווען איז ער אַ עסטרייכישער צוגספיהרער. היינט איז נישטאָ קיין עסטרייך. מיט דער נייער פוילישער מלוכה פערבינדעט איהם גאָר נישט. וואָס געהט דאָס איהם אָן.

און פלוצים ווערט ער דערמאַנט אין זיין אַלטער היים.

אָט דאָס שטעטיל ל. פון וואַנען זיין כלה שטאַמט, איז דאָך געווען נאָהענט פון דעם דאָרף, אין וועלכען ער האָט געלעבט, ער איז אַלזאָ אַ נאָהענטער שכן פון איהר.

און איצט איז ער געוואָרען פעראינטערסיערט אין דער אַלטער היים און אָנגעהויבען אויסצופרעגען ביי שולמית איבער איהר פאָטערשטאָדט און איבער איהר פאַמיליע.

שולמית איז דאָס לגמרי נישט געווען אַנגענעהם. זי איז געווען גליקליך, אַז זי קען פערגעסען אין די אַלטע צרות און אָנהויבען אַ נייעם לעבען. אָבער ווען סידניי האָט זי געבעטען, איהם צו דערצעהלען איהר לעבענסגעשיכטע, האָבען זיך ביי איהר דערוועקט די בענקשאַפטען נאָך טאַטע־מאַמע, ברודער און שוועסטער און זי האָט איהם דערצעהלט אַלסדינג באריכות.

זי האָט איהם אויך דערצעהלט, ווי ווייט זי האָט געוואוסט, פון איהר פערשוואונדענעם קליינעם ברידערל שלמה'לע, וואָס איז נעלם געוואָרען ווי אַ שטיין אין וואַסער, פון דעם צער פון איהרע עלטערן, זייער יאָהרענלאַנגען וויינען און קלאָגען. זי האָט דאַביי אָבגעזיפצט און געזאָגט: ווער ווייסט, אפשר

לעבט

לעבט ער נאָך גאָר ערגיץ, מיין ברודער שלמה, נאָך וועלכען מען רופט מיך שולמית.

שולמית איז געוועו אַזוי פערטיעפט אין איהר ערצעהלונג, אַז זי האָט נישט בעמערקט, ווי סידניי ווערט וואָס אַמאָל אויפגערעגטער און בלאַסער.

און זיין זכרון האָבען אָנגעהויבען אויפצושטייגען בילדער פון זיין יוגענד.

אָט שטעהט פאַר איהם דאָס בילד פון דאָרף, מיט די פּאַראָבקעס, וואָס שרייען איהם נאָך „זשיד". אָט זיינע „עלטערן", ביי וועלכע ער פרעגט, וואָס דאָס האָט צו בעטייטען און ווי זיי בערוהיגען איהם.

אָט שטעהען פאַר איהם ווייטער די דאָרף־שיקסעס, וואָס ווילען מיט איהם נישט פערקעהרען, ווייל ער איז אַ יוד...

און אָט דערזעהט ער ווידער אין דער פאַנטאַזיע עפּיס אַ יוד מיט אַ באָרד און פאות און אַ יודענע אין אַ ברייט שוואַרץ קלייד און אַ געוועלב און פויערים מיט פיהרען און אַ הויזירער מיט פייפעליך און אַ דאָרפישע חאַלופּע מיט בילדער אויף די ווענד און זיין אַם מיט איהר רויטער פאַטשיילע און עפּיס אַ קליין יונגעלע און אַ קליין מיידעלע...

וואָס מעהר ער שטרענגט אָן זיין זכרון, אַלץ קלאָרער זעהט ער פאַר זיין פאַנטאַזיע דאָס בילד פון זיין יוגענד און וואָס עס האָט זיך מיט איהם איבערגעטהון.

אַלסדינג איז פערווישט און פערדעקט ווי מיט אַ נעפּיל. זאָגען אויף זיכער, אַז עס איז טאַקי אַזוי געוועזן, דאָס קען ער נישט. עס קען זיין, אַז די ערצעהלונג פון זיין כלה האָט צערייצט זיין פאַנטאַזיע און ווייזט איהם בילדער, וואָס זענען קיינמאָל נישט געוועזן אויף דער וואָהר.

אָבער דער געדאַנק לאָזט איהם נישט רוהען. ער ווערט

גערוועז און צערשטרייט, שטענדיג פערקלערט, הערט קוים וואָס מען רעדט צו איהם. טהוט אַלסדינג מעכאַניש און ווערט געטריעבען און געיאָגט ווי פון בייזע רוחות.

שולמית בעמערקט, וואָס מיט איהר חתן געהט פאָר, אָבער זי קען זיך די פערענדערונג אין זיין גאַנצען וועזען נישט דערקלערען. ערשט איז ער געווען אַזוי פרעהליך און האָט זיך געפרעהט אויף דער קומענדער חתונה ווי אַ קליין קינד, און פלוצים אַזאַ שינוי. אפשר איז ער קראַנק? אפשר האָט ער פלוצים חרטה בעקומען?

איצט פלאַגט זי איהם מיט איהרע פראַגען, וואָס עס איז געשעהען. אָבער ער גיבט איהר אויסווייכענדע אַנטוואָרטען. ער ווייסט אַליין נישט, וואָס ער זאָל טהון. איהר אויסזאָגען דעם אמת, אפשר איז ער זיך גאָר טועה, וועט ער אומזיסט צערשטערען דאָס לעבען פון זיי ביידע. ווידער מאַכען אַ שווייג און געהען צו דער חתונה. אפשר איז עס פאָרט אמת, ווי קען ער חתונה האָבען מיט זיין אייגענער שוועסטער?

פיעל צייט האָט ער נישט צום פערליערען. די חתונה זאָל שוין פאָרקומען. זאָל ער זאָגען אַז ער איז קראַנק, וואָס וועט ער געווונען? איינמאָל מוז ער דאָך אַרויסבעקומען דעם אמת.

עס איז נאָר פאַרהאַנען איין וועג: ער מוז זיך אַריבערהאַפען קיין פוילען און דאָרט נאָכפאָרשטען. אפשר וועט ער דאָרט קענען ענטדעקען די וואַהרהייט.

און ער קומט פלוצים אַהיים און דערצעהלט זיין כלה, אַז ער ווערט געשיקט פון דער רעגיערונג קיין דאַנציג, כדי דאָרט ערלעדיגען געוויסע ענינים פון דער איינאָרדערונג קיין אַמעריקאַ.

שולמית

שולמית ווערט דערשראָקען. וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע מעשה, גראָד עטליכע טעג פאַר דער חתונה?

אָבער סידניי בערוהיגט זי. דאָס איז שוין אַ אַלטע מעשה. זייט אַ צייט פערלאַנגט מען פון איהם, ער זאָל אונטערנעהמען די רייזע. ער האָט זיך אָבער בעמיהט, מען זאָל איהם דאַפון בעפרייען. דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס ער איז אין דער לעצטער צייט געווען אַזוי פערטראַכט און פערקלערט. אָבער היינט איז געקומען פון וואַשינגטאָן דער שטרענגער אויפטראָג, אַז ער מוז פאָהרען. עס העלפען קיין שום טענות...

— זיי רוהיג מיין קינד — בעט ער זיין כלה — די גאַנצע מעשה וועט דויערן ק״ם עטליכע וואָכען. איך האָב אין דאַנציג צו טהון בלויז אַ קורצע צייט. באַלד וועל איך ווידער קומען אַהיים און מיר וועלען חתונה האָבען. דאַפאַר, וואָס איך פאָהר איצט, וועל איך בעקומען עטליכע וואָכען אורלויב נאָך דער התונה און מיר וועלען קענען פערלעבען די האָניגוואָכען צוזאַמען אין פריידען.

ווערענדיג נישט ווערענדיג מוז זיך שולמית בערוהיגען און סידניי פאָהרט מיט דעם ערשטען שיף, וואָס געהט קיין דאַנציג, אָב.

---

ו.

דאָס דאָרף, אין וועלכען ער האָט פערלעבט זיין יוגענד, האָט סידניי געטראָפען כמעט אין גאַנצען צערשטערט. אויך דאָס דאָרף איז געפאַלען אַ קרבן אין דער צייט פון דער מלחמה.

קוים עטליכע חאַלופקעס זענען נאָך געשטאַנען, דאָס ז״נע צערקעוו און דער צווינטער.

די

די פּאָר פויערים, וואָס זענען געבליבען, זענען איהם געווען אין גאַנצען פרעמד. חאָטשי עס זענען אין גאַנצען פּאָריבער בערך 10 יאָהר זייט ער האָט פערלאָזט דאָס דאָרף, האָט סידניי קיינעם פון די דעמילטיגע יונגע פּאַראָבקעס נישט געפונען.

זיי זענען געפאַלען אין קריעג און זייערע ביינער פוילען ערגיץ אין די קריעגסגריבער אין רוסלאַנד, איטאַליע אָדער סערביע, אָדער גאָר ערגיץ אין סיביריען.

געלעבט האָט נאָר דער גלח, וועלכער איז שוין געווען אַ אַלטער מאַן.

סידניי האָט איהם אויפגעזוכט, זיך פאָרגעשטעלט און געבעטען, איהם אויסזאָגען דעם אמת.

דער גלח האָט זיך צוערשט געקווינקעלט. אָבער אַ פעקיל דאָלאַר האָט איהם געגעבען חשק, צו דערצעהלען דעם אַמאָליגען סטאַשעק די גאַנצע מעשה. אָבער ער האָט ביי איהם גענומען די האַנד, אַז ער זאָל נישט פעראַטען, אַז ער, דער גלח, האָט עפּיס געוואוסט פון דעם ענין.

אין דאָרף האָט סידניי נישט געהאַט וואָס צו טהון. ער האָט נאָר בעזוכט די קברים פון זיינע „עלטערן" און געלאָזט פאַרעכטען די צלמים אויף זייערע קברים. ווי עס איז, זיי האָבען פאָרט אויסגעהאַלטען אַזוי פיעל יאָהר.

דערנאָך איז ער אָבגעפאָהרען אין שטעטיל.

דאָס שטעטיל — אַ חורבה, קוים וואָס מען האָט אָנגעהויבען אויפצובויען די צעשטערטע און פערברענטע הייזער.

יודען גאָר ווייניג. כמעט לויפער פרעמדע. בלויז דער רב איז נאָ[ך] דער אַלטער.

ס[ידנ]יי האָט איהם בעזוכט און זיך געגעבען צו דערקענען.

גרויסער

— גרויסער גאָט, ווי גרויס זענען דיינע וואונדער! — האָט דער רב געגרופען און געלאָזט תיכף דעם שמש דאָס נייעס מודיע זיין אין שטעטיל.

און באַלד זענען זיך ביים רב צוזאַמענגעקומען די פּאָר יודען פון שטעטיל און געקוקט אויף דעם צוריקגעקומענעם שלמה׳לע ווי אויף אַ וואונדער פון הימעל.

אויף דעם האַלב צעשטערטען און צעטרעטענעם בית-עולם האָט סידניי געלאָזט אויפשטעלען מצבות אויף די קברים. פון זיינע עלטערן, ברודער און שוועסטער. ער האָט אויך געשפּענדעט פיעל געלד פאַר די אָרימע און געלאָזט אויפבויען דאָס פערברענטע באָד און דאָס צעשטערטע הקדש...

אין דער גאַנצער סביבה האָט געקאָכט מיט דער מעשה, פון אַלע זייטען איז מען געקומען אָנקוקען דעם אַמעריקאַנער, דעם אַמאָליגען שלמה׳לע.

מען האָט די מעשה בעשריבען אין די צייטונגען און סידניי האָט באופן זה געפונען אַ וועג, ווי אַזוי ער זאָל זיין שוועסטער-כלה מודיע זיין, אַז איהר ברודער לעבט, ער האָט איהר פשוט אַריינגעשיקט די צייטונגען, זאָל זי אַליין לעזען און וויסען.

נאָכדעם ווי ער האָט ערלעדיגט אַלע זיינע ענינים, איז ער צוריק געפאָהרען קיין אַמעריקא.

פון די צייטונגען האָט׳ שולמית ערפאַהרען, אַז איהר ברודער לעבט. אָבער סידניי האָט בכוונה געלאָזט די בעריכטע אַזוי שרייבען, אַז זי זאָל נישט דערקענען, אַז טאַקי ער איז דאָס איהר ברודער.

שולמית האָט נאָר אויף אַזוי פיעל געוואוסט, אַז שלמה׳לע לעבט און איז אַמעריקאַנער. זי האָט ערוואַרט מיט אונגעדולד, איהר חתן זאָל קומען און איהר העלפען, איהם צו זעהען. ווען

זי

זי וואָלט געהאַט פליגעל, וואָלט זי אַריבערגעפלויגען אין איהר פּאַטערשטאָדט, מיט איהם צוזאַמענקומען.

פון שיף האָט סידניי זיין כלה פערשטענדיגט, אין וועלכען טאָג ער וועט אָנקומען און שולמית האָט געצעהלט די שעה'ן און די מינוטען, ביז זי וועט איהם זעהען.

שולמית האָט סידניי אָבגעוואַרט ביים שיף און איהם בעגריסט מיט גרויס פרייד.

זי האָט איהם תיכף געוואָלט מודיע זיין דאָס נייעס וועגען איהר ברודער, אָבער ער האָט זיך אָבזיכטליך געשטעלט ווי פאַר טרוד און זי נישט געלאָזט קומען צום וואָרט.

ערשט ווען זיי זענען געוועזן אין דער היים האָט זי פאַר איהם אויסגעשפרייט די צייטונגען און איהם אָנגעהויבען דערצעהלען די מעשה.

אָבער סידניי האָט זי אונטערבראָכען און געזאָגט .

– אָ, איך ווייס שוין אַלסדינג און האָב דיר אַפילו דיין ברודער מיטגעברענגט קיין אַמעריקאַ !

– אַזוי גאָר ! וואו איז ער ? – האָט שולמית געפרעגט איבעראַשט.

– אָט איז ער ! – ווייזט סידניי אויף זיך.

– ברודער ! — שוועסטער ! – רופעןביידע און פאַלען זיך אין די אַרמע...

עס האָט געדויערט אַ צייט, ביז שולמית האָט זיך בערוהיגט און סידניי האָט איהר געקענט דערצעהלען אַלסדינג.

זי איז געוועזן איבערגליקליך און געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט איהר ענטשעדיגט פאַר אַלע ביזהעריגע צרות. איהר שמערץ איז אָבער איצט געוועזן נאָך גרעסער, וואָס איהרע עלטערן האָבען דאָס נישט דערלעבט.

– ווען אונזערע עלטערן זאָלען געווען לעבען, וואָלסטו נישט געקומען אַהער און דער אמת וואָלט אפשר קיינמאָל נישט געווען אַרויסגעקומען ! – האָט זי סידניי געטרייסט. — ווי אַזוי גאָט וויל, אַזוי פיהרט ער. מיר מענטשען קענען נישט אָפּשאַצען זיינע דרכים...

דעם אַנדערען טאָג איז געווען דער ערשטער וועג סידניי׳ס צו איינעם פון די ניו־יאָרקער רבנים, ביי וועלכען ער איז צוריק געוואָרען אַ יוד און אָנגענומען ווידער זיין יודעשען נאָמען שלמה.

פערלאַג און ספרים־האַנדלונג שמחה פריינד, פשעמישל.

ניי ! ניי !

# פראָספעקט.

ס'זענען שוין אַרויס פון דרוק די ווייטערדיקע העפטען. פון די בעוואוסטע, שטאַרק געלעזענע 4 סעריעס ערצעהלונגען פון בעקאַנט'ען זשורנאַליסט און שריפטשטעלער יונה קרעפּעל א.א. וועלכע האָבען זיך אַזוי קונה שם געווען אין די ווייטעסטע קרייזען פון לעזער.

## I סעריע: היסטאָרישע ערצעהלונגען:

21. משה קולון.
22. סַנְחֵרִיב׳ס סוֹף.
23. שְׁלוֹמִית בַּת דִבְרִי.
24. די מְסִירָה.
25. דָאן פֶּערְנַאנְדָא.
26. דֶער רויבֶּערְהויפְּטְמַאן.
27. דֶער קָאנְטְאנִיסְט.
23. די גָאלְדֶענֶע רויזֶע.

## II סעריע: חסידישע מעשיות, לעגענדען און פאָלקס־מעשיות.

15. ר׳ אורי סְטְרֶעלִיסְקֶער.
16. ר׳ נָחוּם בְּרִיאַנְסְקֶער.
17. די זוּשְׁפִּיזִין.
18. די קָמֵיעַ.
19. דֶער בַּעַל־תְּשׁוּבָה.
20. דָאס שְׁטֶעטִיל מָאטֶעלֶע.
21. די גָאלְדֶענֶע קוּגֶעל.

Wydawnictwo i księgarnia Symcha Freund, Przemyśl, Skr. p. 8

פערלאג און ספרים־האנדלונג שמחה פריינד. פּשעמישל.

22. די העלדישע חנה.
23. דער פאלקס-זענגער.
24. די געשענקטע יאהרען.
25. חנה די שניידערקע.
26. דער איינוואנדערונגסקאמיסאר.
27. א יודישע נשמה.
23. אין א טרינקענדער שיף.

ווו סעריע: ערצעהלונגען פון דער וועלט־מלחמה:

8. ביים בארג סיני.
9. די תפלין.
10. די שפיאנין.
11. דער ניקאלייסקי סאלדאט.
12. מקימי מעפר דל.
13. דער לעגיאנער.
14. דער פערראטער.
15. דאס פערטריבענע שטעטיל.
16. דער סיביריאק.
17. דער רעגימענטס-ארצט.
18. דער קאזאק הנגזל.
19. נאך דער שחיטה.
20. די בכורה.
21. דער רוסישער קאמענדאנט.

פרייז פון יעדן העפט 20 גר.



Wydawnictwo i księgarnia Symcha Freund, Przemyśl, Skr. p. 8